אברהם טווערסקי

# משיחן אנטקעגן

ניו-יארק 1946

עוועלין,
דעם ליכטיקסטן שטערן אויף מיין הימל —
געווידמעט דאָס בוך פון מיין לעבן.

# גם כי אלך---

ס'איז געווען אין יאָר תר"פ,
אַ טאָג
פון טיפן שניי —
אַ ווינטערדיקער שבת,

ווען מיין שוועסטער חיה שרה
האָט דאָס לעבן אירס,
דאָס יונגע,
צניעות'דיקע לעבן,
אויסגעהויכט אין שטילער שטילקייט,
און דער אַלטער חסיד און מנגן,
שמואל אבא'ס,
האָט זיך אויפן קול צעשריגן —
און געוואָרן איז אַ טענה,
אַ תרעומות
פון זיין שבתדיקן ניגון —
האָט דער טאַטע זיך געבייזערט:
— ספקות גאָר?
דערמאָן זיך בעסער, שמואל'צי,
אין די ווערטער
פון רב דוד לייקיס:
— „ליבן דיך, מיין בורא, וויל איך —
וועל איך ליבן דיך במילא".

שמואל אבא׳ס האָט פאַרקוועטשט
אין האַנט —
די טאַבאַקע־פּאַטשיילע,
און די מאַמע מיינע
(ווי מיר פאַר איר ליכטיקן זכרון),
האָט צום טיש דערלאַנגט
דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט פון קאָרן,
אויך די ציבעלע,
דאָס האַרטע איי,
דעם עלטערזיידנס סידור —
און די קינדער
(איינע נאָך אַ שוועסטער, פינף ברידער),
האָבן שטילערהייט איר נאָכגעזאָגט
די תפילה:
— „כ׳שרעק מיך ניט
אין טאָל פון טויט אַפילו״.



איצט איז שוין דאָס יאָר תש״ג,
ניטאָ מער שמואל אבא׳ס:

זיין נגינה וויינט פאַריתומ'ט —
אין דער גרויער יידישער מחשבה,
אין דער ליידנדיקער וועלטס
פאַרשטערטן שבת.
ס'איז מיין צווייטע שוועסטער
איצט פאַרפייניקט
אין די פליינען
צווישן בוג און דניעסטער
מיט איר מאַן,
מיט אַלע קינדער
און מיט נאָכעט יידן —
מיט אַ גאַנצן דור אַ מידן.

און וואו איז אַהרן דוד —
מיין יסורימדיקער ברודער ?
כ'וויל

אין פּיין זיין שכן ווערן,
איז זיין צער
אַ טיפערער, ווי מיינער —
און ער קאָן מיך ניט דערהערן.
ווייַן איך טיף אין זיך,
און שריי פון זיך אַרויס:
איך וויל די פינצטערניש צעשאַרן,
און צעוויינען זיך
אין חושך —
— אהרן דוד! ברודער אהרן!
איז דאָס קול אין מיר —
פאַרגליווערט,
און עס בלייבט דערשטיקט
אין מיינע ביינער:
קיינער קאָן מיך ניט דערהערן,
אויסער איינעם,
און דער איינער

איז מײַן טאַטע,
אָט דער נס פון שטענדיקער הכנעה,
און פון גלויבן —
ווי אַ טויב אַ שטילע
צווישן אַלע שטילע, צניעות'דיקע טויבן.
רופט זיך אָן צו מיר
דער טאַטע
אויף דעם תמימה'דיקן לשון
פון די אָבות:
— „גם כי אלך
בגיא צלמות —
— ווען אַפילו,
אַז מען זעט דעם בייזן שאַרף
פון חלף,
הייבט אַ ייד ערשט אָן פון אלעף:
(אַלעף איז דאָס ערשטע אות
פון אמתער,
פון יידישער אמונה) —

ביז מען קומט צום תו,
און תו איז — תפילה,
תפילה דאַרף מען טאָן, מיין קינד,
ווייל תפילה איז מכפּר
אויף די זינד —
די אייגענע,
די פרעמדע ;
און אמונה,
טיפע, אמת'ע אמונה,
וועט דערהויבן.
— גלויבן זאָלסטו, קינד מיינס,
גלויבן.
ווייל דער בורא איז אונדז אַלעמען
אַ גוטער פּאַסטעך,
און ער פּאַשעט אונדז אין טאָל
פון יאָמער —
נאָך אַזאַ מין רחמימ'דיקער טאַטע
איז ניטאָ מער.

— ער איז איין־און־ איינציק,
תמיד,
און אַצינד —
ער וועט זיך שוין מרחם זיין
אויף כלל ישראל,
און אויף אהר'על'ען —
מיין קינד — — — —"

# אין סטעפּ

פאַרוואָס איז מיר דאָ אומעטיק אַזוי ?
דער סטעפּ איז פעט און אומגעהויער גרויס :
איז פרעג איך ביי דורלעשט[1] אַ שטילן גוי :
צי ווייס ער ניט פאַרוואָס דאָס חיות גייט מיר אויס ?

ס׳איז גוטע ערד, און האָריק איז דאָס ברויט,
מיט זון און סאָלנעטשניק איז פול דער בייט,
און כאָטש די טרויבן זיינען בלוי און רויט —
איז דאָך די פרייד — אַ גויאישע, אַ פרעמדע פרייד.

— אָט ליגט פאַר מיר אין רחבות פון דעם טאָל
דיין חלק פעלד מיט ברוינעם פּאַפּעשוי,
און כאָטש ס׳איז גוט די ערד, און ווייך איר קול —
איז ווייַנט אין מיר דאָס אומעטיקע האַרץ אַזוי.

דורלעשטי, בעסאַראַביע.

1) דאָרף אין בעסאַראַביע.

# מיר זיינען אַכט געגאַנגען

מיר זיינען אַכט געגאַנגען באַרג־אַרויף
מיט סוף פון טאָג —
רעזינער [1] טאָל האָט אונטן זיך געוויקלט
אין טומאַנען ;
האָט פלוצלינג עמעצער פון אונדז געטאָן
אַ שטילן זאָג —
געוואָלט דערמאַנען.

1) אַ שטעטל אין די קאַרפּאַטן.

ס'האָט באַנג געטאָן דער לעצטער, וואַרעמער
און ווייכער גאַנג,
וואָס זון האָט אָפּגעשטעלט אויף שטיינערדיקע,
הויכע שפּאַלטן,
ווייל באַלד וועט ווינטערדיקע זאַווערוכע
פירן לאַנג —
און זיך פאַרהאַלטן.

ס'האָט באַנג געטאָן די דווינע, און די מנחה
פון דער שעה
אין פריע נעכט, וואָס פירן שוין די דעכער
פון די שטיבער —
איז וואָס וועט זיין מיט אונדז, די אַכט,
וואָס גייען דאָ —
בצבור ?

און אפשר האָבן אַלע אַכט געטראָגן
איין געפיל
פון אויסגעלאָשענעם, פון אָסיענדיקן,
שפּעטן ניגון ?
אַ בענקעניש איז אין די הויכע בערג
און אין דער שטיל —
געבליבן ליגן.

און גוט אַזוי: דעם וועג האָט אונדז פֿאַרשטעלט
די שטומע נאַכט,
און אונטן האָט רעזינע מיט טומאַנען
זיך פֿאַרהאַנגען;
מיר זיינען שווייגענדיק צוריק געקומען
אַלע אַכט —
און זיך צעגאַנגען.

רעזינע, בעסאַראַביע.

# בוקאָווינע

(באַלאַדע)

דער דעמב איז רויט אין יאַקובעני,
גרוי דער באַרג, און ברוין די שטיינער,
אויף די דאָרנע[1] רינט אַ ברוינע —
לייגט מען שלאָפן קי מיט הענער,
און דער שומר פייפט פון ביינער[2]
דעם טשובאַנס[3] אַן אַלטע דוינע[4].

1) אַ באַרג־פלוס. 2) פייפלעך, וואָס די הוצולעס אין די בערג מאַכן זיך פון אויסגעהוילטע שאָפנביינער. 3) **פאַסטעך.** 4) מאָלדאָוואַניש פאָלק־ליד.

ס׳איז דעם וואַלד׳ס אַן אַלטער ניגון,
אַ פאַרחלומטער, ווי אַלע:
ווי דער טאָל און ווי די סטינע[1],
ווי די שעפסן בעת׳ן ליגן,
ווי די עמערס ביי די קוואַלן —
ווי די באָרוויסע אירינע.

גייט לופּיאַש אַהיים פון שייער,
האָר צעוואָרפן, קאָפּ אין שרפה,
און עס גליט ביי אים די קאָסע:
— העי דודויאַ[2], ס׳ברענט אַ פייער,
איך פאַרכלינע מיך פון שפע —
ווי די סקירדע נאָך אַ ראָסע.

זאָגט אירינע צו לופּיאַש׳ן:
— כ׳האָב די קי נאָך ניט געמאָלקן,
און דעם צאַפּ נאָך ניט געצוואָגן —
זאָל דער שוואַרצער, בייזער וואָלקן
דיך מיט שטורעמבראָך באַוואַשן,
און דאָס בלוט פון דיר פאַריאָגן.

1) שעפסנשטאַל אין אָפענעם פעלד. 2) מיידל.

מאַכט לופּיאַש צו איר אַ בייזער:
— העי דראַגוצאַ[3], העי פּרומאָסע[4],
לאַך ניט אָפּ פון דורשט און הונגער
און פון שפּרערענדיקער ראָסע —
כ'בין אַ זוניקער, אַ הייסער,
און אַ בחור נאָך אַ יונגער.

שטעלט זיך אָפּ פאַרטראַכט אירינע,
קוקט דעם וואַלד־יונג אין די אויגן:
— ניין, לופּיאַשו, ס'וועט ניט טויגן,
ס'איז שוין אָסיען אין דער סטינע! —
זיי צעלאַכן זיך, און לאַכן —
זיך צעלאַכט האָט בוקאָווינע.

סעלעטין, בוקאָווינע.

3) טייערע. 4) שיינע.

## ווען זומער שטאַרבט

אויף פעלדער וואַלגערט זיך
אַ שטיק פאַרברענטע ערד
מיט פייכטן ווידערקול
פון אָפּגערוימטן ברויט;
און איך האָב היינט געזען
און שטילערהייט דערהערט —
דעם זומערס לעצט געזאַנג
אין בעט פון געלן טויט.

אויף ברוינעם לייב פון ליים
מיט בלייבעכצן פון שניט —
האָט קאַלט געטריפט דאָס בלוט
פון אויסגענאָגטן טאָג,
און פרי פאַרגיי פון זון
האָט אָפּגעהאַקט אין מיט —
דעם שטאַרבנדיקן זומער'ס
ניט דערזאָגטן זאָג.

און באַנג געטאָן האָט אים
(דעם זומער פאַר זיין אָפּ),
וואָס וועלט האָט אויסגעזויגן
אים און זיין געביין —
און קיינער שטייט ניט איצט
צוקאָפּנס פון זיין קאָפּ,
ווען שטאַרבן איז באַשערט —
אין עלנט און אַליין.

און באַנג געטאָן האָט אים
דאָס פעלד מיט הויכן ברויט,
די טשערעדע, דער פאַסטעך,
און דער ברוינער פאַפּעשוי —
ווען ער, דער זומער,
שטאַרבט אויף קאַטשענעס פון קרויט —
אויף איינגעקאָרטשעטן
און דורכגעפוילטן שטרוי.

ער האָט זיין געל געזאַנג
דערצויגן ביז צום עק,
פאַרגיסנדיק זיין בלוט
אויף אויסגעקראָכן בייט,
וואו האַרבסט האָט זיך געלייגט
מיט רעגנדיקן פלעק —
געלייגט זיך שטילערהייט.

טשערנאָוויץ.

# צו דעם מזרח פון דער וועלט

מיינע טריט — אין שטילן גאַנג,
ווייל איך בין דאָך נאָר אַ זאַנג,
וואָס אַוועק מיט הייסן פעלד —
צו דעם מזרח פון דער וועלט.

ס'איז דער מזרח טיף און בלוי,
וויל איך אויך דאָ זיין אַזוי,
כ'וויל דעם סוד פון מיין פאַרמעג —
טראָגן דורך די בלויע טעג.

קומט אַנטקעגן מיר אַ בוים,
קוש איך אויס זיין גרינעם זוים,
איך דערצייל אים, אַז איך בין —
טיף, ווי ער, און מאָכיק־גרין.

קומט אַ פעלד מיט פּאַפּעשוי,
זיינען שטאַנגען אויך אַזוי:
הוילע זון און הוילער ווינט —
אָט אַזוי, ווי איך אַצינד.

קומט פון דאָרט אַ שטאַנג אַרויס,
בייגט זיך איין, און גלייכט זיך אויס,
און עס זאָגט צו מיר דער שטאַנג:
— זאָל דיר זיין געבענטשט דיין גאַנג.

טשערנאָוויץ.

# אין פרעמדן רעש

וועןמענטשן טראָגן אום די פרייד פון זיך אַליין
און גאַסן קומען זיי אַנטקעגן מיט פאַרנעם,
איז קומט דער אומעט צו, און טוט ביים האַרץ אַ קלעם —
אַ שטילער, שווייגנדיקער אומעט פון געוויין.

אַזויפיל מענטשן אויף דעם ברייטן טראָטואַר,
אַ גליק, וואָס גייט אַרום מיט תוכנלאָזן זין —
נאָר איך האָב ליב דעם רויך פון טרוקענעם טוטין,
און ליב איז מיר דער חלום פון דעם שטילן נאַר.

וואָס קאָן דען אַנדערש זיין, ווי רויכערן אומזיסט,
און גיין באַגעגענען אַ ליד אין פרעמדן רעש ?
אַ גאַסן-קערער וועט דעם איבערבלייב פון אַש —
צעשיטן סיי־ווי־סיי אויף שאָלעכצן פון מיסט.

איז וועל איך בעסער גיין צו שווענלן, וואו איך וואוין,
און שטיין אַ רגע ביי מיין שוויינגנדיקער טיר,
וואָס שטיל געזאַנג האָט מיך צונויפגעפירט מיט איר —
אוןביידע וואַרטן מיר אויף צוגעזאָגטן לוין.

טשערנאָוויץ.

## צי בין איך אַ ברויט?

צי בין איך אַ ברויט, וואָס עס ציט מיך צום פעלד,
אַ פליסיקער טייך — וואָס עס ווילט זיך ניט שטייז?
צי בין איך אין מידער, פאַרמוטשעטער וועלט —
אַ פשוט׳ער מענטש, וואָס צעגייט פון געוויין?

אָט זאָג איך צום חבר: דערלאַנג מיר דיין האַנט,
און לאָמיר אינאיינעם פאַרגרייטן אַ היים —
פאַר קינדער, וואָס דאַרפן אַ בעט ביי דער וואַנט,
פאַר זקנים, וואָס מעסטן די גריבער אין ליים.

מיין מאַמע ניטאָ מער, מיין טאַטע שוין מיד —
טאָ ווער וועט עס מאַכן דאָס בעט אין געצעלט
פאַר קינדער, וואָס זוכן דער מאַמע׳ס אַ ליד,
פאַר מענטש, וואָס פאַרלאָרן דעם יום־טוב פון וועלט?

# צום דיכטער

ווען בלעטער טראָגן זיך
מיט שטיקער ווינטן אָפּגעריסענע,
און געלקייט לייגט זיך מיד אויף הוילע ווענט —
טראָגסטו צו די גאַסן ליפּן איינגעביסענע,
מיט אָדערדיקע הענט.

דו טרעטסט אויף צוויטן שוין דערוואָרגענע,
אויף ערד מיט אָפּגעבליאַקעוועט קאָליר —
דו ציטערסט שטום
פֿאַר דיינע וועלטן די פֿאַרבאָרגענע,
וואָס צאַפּלען נאָך אין דיר.

פֿאַרשפּילעסטו די לאַצן ביז אַרויף,
און שיצסט די נאָגעכצן,
דו מאַכסט פֿון דיינע אַקסלען טורעמס צוויי,
אַז ניט דעריאָגן זאָלן אַלע געלע יאָגעכצן —
דיין אָסיענדיקן וויי.

דו גייסט אַזוי אַרום פֿאַרטראַכט
מיט סטעזשקעס באַלד־פֿאַרגעסענע,
וואו ווינטן קלאָגן זיך פֿאַר דיינע טריט,
און אין דעם רויכערן, אין בענקשאַפֿטן דערעסענע —
באַגעגנט דיך אַ ליד.

# גויאיש דאָרף

שטייט אַ קלויסטער מיט אַ צלם מיט אַ גלאָק, —
גייט פון פעלד אַ גוי, אַ ציג, אַ קו, אַ באָק.

פאַלט אַראָפּ די נאַכט, דער שטערן און דער ווינט —
זיינען ברוגז מיט די פאַרקאַנעס די הינט.

אויף אַ הייזל שרייבט זיך "בראָנפן„ ס'וואוינט אַ ייד, —
זאָגט ער קרישמע מיט „אחד", וואָס זיך צעציט.

רינט אַ פלעק פון מאָנטעפּיאָרעס רעכטער באַק —
מיינט דאָס קינד, אַז ס'איז מיקיטע מיט אַ זאַק.

שפרעכט די מאַמע: „כאַפּט האַווריל דעם קינדס דערשרעק!"—
טוט אַ שפּיי, אַ צי ביים אויער און אַ לעק.

ציט די מזוזה דאַר זיך אויס אויף שמאָלער טיר —
קומט צוגיין אַן אַלטע האַנט, און בלייבט אויף איר.

גאָט, וואָס היט פון שטורעמווינט די שוואַכע רינד, —
היט דאָ אָפּ אין גויאיש דאָרף דאָס יידיש קינד.

# רו

רוט די רואיקייט אויףביימער, אַקסלען, ווענט —
ס׳האָט קיינמאָל ניט געברענט.
אָט איז נאַכט און אָט איז קאָפּ —
אַזאַ מין שטילעווקייט, וואָס רינט אַראָפּ,
טאָ שפּאַר זיך צו —
אַ שווייגנדיקער פלויט איז אויכעט רו.

# פון בראשית־אָן

פון בראשית־אָן די זון, וואָס וואַרעמט אויס די זאַנגען,
פון אייביק־אָן די נאַכט, ווען טאָג אין פלאַם פאַרגייט,
און אומעטום דער מענטש אַן אומעטיקער שטייט —
און קאָן צו ביידע ניט דערלאַנגען.

איז וואָס זאָל טאָן דער פויער מיט זיין אומעט,
וואָס אַקערט גלויבנדיק די ערד פון פרייד און נויט,
און וואַרט אַ לעבן־לאַנג, אַז אויפגיין זאָל דאָס ברויט —
פון העלער זון אויף שטילן תמיד ?

פון בראשית־אָן די זון, וואָס וואַרעמט אויס די זאַנגען,
פון אייביק־אָן די נאַכט, ווען טאָג אין פלאַם פאַרגייט,
און אומעטום דער מענטש אַן אומעטיקער שטייט —
און קאָן צו ביידע ניט דערלאַנגען.

# היים

עס טראָגט דערווינט אַרום מיין אומעט
אַ געבונדענעם אין קייטן:
ס'איז דער וואַלד זיין עלטערזיידע,
ס'האָט דער דניעסטער אים געבוירן.
דאָרטן זינגען די בורלאַקעס
אין אַ סטעפּ אַ ווייט־צעשפּרייטן,
און די וועלדער אַרום לאָיעוו —
זיינען קיינמאָל ניט געשוירן.

הענגט די נאַכט דאָרט פול מיט שטערן —
איבער וואַלד און איבער דניעפּער.
פּלוצלינג שאַלט אַ ווילד געשריי,
וואָס וועט אין פינצטערניש צערינען:
ס'האָט דעם וואָלף פאַרצוקט דער זומפ —
אַ מאָכיק־בלאָטיקער פאַרטשעפּער;
ס'וועלן פלעקן, ווי מיט אויגן,
נאָכדעם פינטלען אָן אַ זינען.

ווינטער שפּייט אויס די פאָלעסיע
גרויסע וועלפישע וואַטאַגעס.
צינדט מען אָן געטריקנט שטרוי
אַרום דעם צוגעדעקטן שליטן:
סטאַרטשען דעמבעס, הויכע דעמבעס,
און דערציילן ניט די דאגות —
און דער שניי וועט יעדן אומגליק
שפּעטער ווינטערדיק פאַרשיטן.

ס'האָט מיר איינמאָל דאָרט דערציילט
אַ טיף־געבויגענער אַ זקן,
אַז דער אומעטיקער וואַלד
האָט אַלע ווינטן שוין צעבראָכן,
אַלע מאָל דעם בייזן דניעפּער
פֿון די ברעגעס אָפּגעשראָקן,
און די טיף פֿון אייגן סוד —
אַרומגעצוימט מיט שווערע מאָכן.

אויך דערציילט האָט מיר דער זקן
(פֿון זיין וואָגלעניש אַ מידער),
אַז די ווינטן, וואָס דער אורוואַלד
האָט פֿאַרהאַלטן און צעשניטן —
לייגן זיך, ווי שטיקער אומרו,
אויף די אומעטיקע לידער,
וואָס עס זינגען די בורלאַקעס —
אויף דעם ברעג און אויף די פּליטן.

ווייס איך איצט, אַז ס'האָט מיין מאַמע
שטיקער ווינטן איינגעזויגן,
אויסגעבענטשט זיי אין איר לייב,
און אויסגעחלומ'ט אין איר נאָגן;
און באַהאַלטן אין דעם בלוי
פון אירע שטורעמדיקע אויגן —
אי די כוואַליעס פון דעם דניעפּער,
אי די פּליטן, וואָס זיי טראָגן.

ווייס איך אויך, אַז ס'האָט מיין טאַטע,
ווי די וועלדער אין פּאָלעסיע,
איינגעקאַרבט אַ טיפן אומעט
אין דער באָרד און אויפן פּנים,
און געשוואוירן, זיך ניט לאָזן,
זיך ניט רירן, ניט פאַרגעסן —
אַז די ווינטן זיינען פרעמדע,
אַז די טייכן זיינען שונאים.

# מעדזשיבוזשער נוסח

ביידע,
איך און דער זיידע,
ציען מיר דעם פֿאָדעם
פֿון דעם אַטלאַס אין די בגדים,
וואָס דער בעשט האָט אונדז געלאָזן —
אויסגעשטריקט פֿון זייד מיט גראָזן.

ס׳איז דער משל, אַז דער הימל
שיט ניט אויס קיין ברויט מיט קימל,
סיידן אַקער, גוי און פערד
נעמען אָן די ערד
ביים גאָרגל און ביים נאָפּל —
וועט זי לויפן שוין צום גאָפּל.

ס׳איז דער סוד פון זוהר,
אַז די פרייד פון גרעסטן טרויער
איז צו שינדן ערדס פאַרקאָרעוועטע הויטן —
וועט זי טאָן אַ שלאָג אַרויס מיט ברויטן
און מיט סמעטענע אַ פולן טאָפּ —
ווייל ערד פאַרמאָגט אַ האַרץ אין קאָפּ.

ס'האָט דער בעשט געטייטשט אַזוי :
— דו נעם ביים גוי
דעם אָקס, די גראַבליע און דעם האָניק פון דער ערד
(דער הימל איז דיר סיי ווי סיי באַשערט),
און שמעלץ אַריין מחשבה מיט געדערים
אין דער שוואַרצער ערד, אין ווערים, —

איז זיין ווער וואָס ?
ווער וואַקסן קאָרנברויט, ווי קראָפּיווע, ווי גראָז,
ווער מעדזשיבוזשער חסידישער פּאַנטאָפל —
געפינען מלכות אַזש אין שפּל.

# ערדישער טראָפּ

אין פלאַקער  
פון אייזערנעם אַקער,  
וואָס גראָבט זיך אַריין אינם זאַמד,  
האָט ברודער זיין אייגענע הוירע צעפלאַמט.

פאַרלאָפן די זאַך איז אַזוי:
געקומען פון רוים אַ געפּאַנצערטער גוי
און ביטערע מאַנדלען מיט יידישן ניגון
צעפּירט איבער וועלטן אויף רוקנס פון ציגן.

האָט שפּעטער געברומט אַ פאַרוואָגלטע טויב
ביים שוועל און ביים שויב
פון גאונים אין קלויזן מיט שניי אויפן ברעם,
פון היימען אין שרפות אויף קידוש־השם.

איז נאָכדעם געקומען דער בעשט פון פּאָדאָל,
פאַרגליכן מיט תכלת די שאָפּענע וואָל,
און יידישן קרעכץ פון דער גויאישער בלאָטע —
געריייניקט אין קנייטש פון קאַפּאָטע.

האָט איצטער מיין ברודער דעם גאַנצן געזאַנג
אַנטפּלעקט אין זיין באָרוויסן גאַנג
צו נאַקעטע פּלאַכן פון אייגענער היים —
מיט רעטשענער קאַשע אין שפּאַלטן פון ליים.

איז יבנה און ווילנע און בראַסלעוו און קיטעוו —
געוואָרן אַ לייבלעכער שותּף
צום נאָכגיביק־ווייכן צעמענט,
וואָס קאַפּעט אויף קנעכל פון ווענט.

געשען איז אָט וואָס:
פון קאָרענע זאַנגען, פון רעטאַך מיט גראָז
וועט רינען דער האָניק צום אָדער פון כּביש —
און ווייטער צום דאָרפישן טיש.

װעט קומען דער בחור, װעט קומען די מױד,
אױף רוקן די גראַבליע, אין בוזעם דער קרױט,
מיט ניגון פֿון רױם נאָך פֿון פֿאַר —
אין דבר!

אָ, ברודער אין עמק, אָ, שװעסטער בײם אײטער,
צו אײך שױן געקומען בן־דוד דער רײטער
דורך ברױטענע סנאָפּעס מיט מילך אין טאָפּ —
דורך שטעלן דעם פֿוס אױף אַן ערדישן טראָפּ.

# אויף אייגענער ערד

עס איז דער טאַטע אונדזערער, ווי שבת'דיקע לעפל,
פול מיט קאַרבן און געבויגן, —
דו, מיין ברודער, שפּאַנסט אין פעלד אין פעלענע פּאַנטעפל,
צו די אייגענע און הויכע סטויגן.

ס'איז דער טאַטע אונדזערער אַ שווייגער, ווי די ראָסע,
אָנגעשראָקן פון עקדה'ס —
דו מיין ברודער, ביסט שוין היימיש מיט דער שאַרף פון קאָסע
איבער ערד פון חומש'דיקע זיידעס.

זאָל אייךביידן זיין צו לאַנגע האָרעפּאַשנע יאָרן
אייער פּראַצע אין די גלידער —
דיר — די סמעטענע פון עמק, און דעם עמק'ס קאָרן,
אים — דער חומש, און דער שטילער סידור.

# יידן אין עמק

דאָס ברויט אין דער טאָרבע, פאַרקאַשערט די הויזן,
מיט קעז, מיט אַ קנאָבל, מיט קאַשע צופרידן,
פשוט'ע יידן,
ווי פשוטער פּאָליש אין הילצערנע קלויזן.

זיי שטאַמען פון תמיד־געליטענע שבטים:
געקנאָטן אין צער און אין ערדישער ברכה;
דעריבער די סאָכע —
דעריבער דער רואיקער, זיכערער אָטעם.

זיי הייבן זיך אויף פון דעם שלאָף מיט שאַריען,
און שפּאַנען אַוועק צו די יידישע טאָלן:
די ערד זאָל זיך מיען —
און זיין זאָל געגוג אויף אכילה צו מאָלן.

ס'איז כוח — דער כוח פון נעמען אינאיינעם
דעם שטאָלענעם אַקער, די מי און דעם רעגן,
אַן אייגן פאַרמעגן —
פון היינט און אויף ווייטער ניט אָפּגעבן קיינעם.

„ניט לאָזן דאָס פעלד אויף באַראָט פון דעם דאָרן !“ —
אַזוי זאָגט די קאָסע מיט פלאַמיקן ציטער
צום יידישן שניטער,
אַזוי זאָגט דער גאָפּל, וואָס זאַמלט דעם קאָרן.

ס׳איז כשר־פאַרדינטער, ס׳איז יידישער נחת
צו שטיין אין דעם גאָלדענעם פּוך פון די זאַנגען,
זיי בינדן, דערלאַנגען —
צום שפּיץ פון דעם סטויג מיט אַן אחת ואחת.

פאַרנאַכט וועט די זון מיט אַן עמער אַ פולן
די יידישע סטויגן מיט גינגאָלד באַנעצן,
פאַמעלעך זיך זעצן —
פון יענער זייט היימישן טאָל פון זבולון.

און גיין מיט דער קאָסע פון פעלד וועט מען שפּעטער
מיט זיכערן טראָט, מיט געזאַנג, און פאַרברוינטע —
יידן געוואוינטע
צו שלאָפן אין דאָרפישע היימען פון ברעטער.

די נעכט זיינען שטילע. זיי היטן דעם שלאָף פון דעם מידן.
די נאַכט פון דעם עמק איז אויך אַזאַ גוטע :
זי היט, ווי אַ מוטער —
דעם חלום פון פּשוט'ע, זיכערע יידן.

# ברויט

איך האָב אַ רעטעך אָנגעשאָבן,
ברויט אויף גאָפּלען אָנגעשטאָכן, —
קום אַריין און לאָמיר האָבן
שבת־קודש אין דער וואָכן.

ס'וועלן קומען גוטע יידן,
מיט דער זון אין לייב געקנאָטן,
פול מיט גלויבן און צופרידן —
וואָס די פּראַצע איז געראָטן.

ס'וועט פון שפּאָלע זיין דער זיידע,
פון ליאַדי — דער בעל־התניא,
און זיי וועלן בענטשןביידע
אונדזער פּראָסטע האָרעוואַניע.

# שבת־ליכט

מיין מאַמע זיצט אויף אַלטן באַרג אַררט,
און בענטשט די שבת־ליכט אין נוח׳ס תבה —
מאַמע מיינע, וואָס וועט זיין מיט ערדישער מצבה ?

גאָרניט, קינד, איך זיץ אָט דאָ מיט מוטער שרה,
און איך טו מיט איר אינאיינעם שטילע תפילה.
— ביסט דאָך, מאַמע, פון דעם שטעטעלע אוסטילע!

ניטע, קינד, צו וואָס די ערד דערמאָנען?
מיר זיינען אָפּגעשיידט פאַר אייביק־לאַנגע יאָרן.
— וואָס זשע טוט מען, מאַמע, אַז סע יאָמערט אין זכרון?

דאַרף מען, קינד מיינס, ציען וואַקס מיט פאָדעם,
דאַרף מען צינדן ליכט און גאָרניט זאָגן.
— ווייסטו, מאַמע, ווען דער גרויסער טאָג וועט נעמען טאָגן?

פשיטא, קינד, דער ענין איז אַ טיפער,
ס׳וועט דער תשבי דיך באַשירעמען און זיין דיין היטער.
— און וואָס וועט זיין מיט קרבן־מנחה סידור?

זאָל ער רוען, קינד מיינס, זאָל ער רוען,
די וועלט איז דאָ אַ רואיקע, אַ שטילע —
און אַלע זאָגן אויסנווייניק תפילה.

מיין מאַמע האַלט די פינגער אויף די ליפּן,
און ווינקט אַראָפּ צו אייגענער מצבה:
— מען בענטשט שוין שבת־ליכט אין נוח׳ס תבה.

# מיין טאַטע

מיין טאַטע איז אַן אַלטער פּויער :
ער אַקערט ערד מיט זיידנס זוהר,
ער שניידט דאָס ברויט פון אייביק וואַקסן
און רייניקט ס׳פעלד פון טרפה פלאַקסן.

מיין טאַטע איז אַן אַלטער פּויער:
ער עפנט צו דער וועלט דעם טויער
ערב האָן און פּאַר שאַריען —
איידער געצנדינער קניען.

מיין טאַטע איז אַן אַלטער פּויער:
ער פילט פון גאָרער וועלט דעם טרויער,
ווייל ניט אַיעדער קאָן דערלאַנגען
צו דעם אַחרית פון די זאַנגען.

מיין טאַטע גראָבט אַליין מיט אייזן
די ערד פון דורות אין זכרון,
כדי מיט פינגער אָנצווייזן —
דעם וועג צו באַלדיקע קאַיאָרן.

ער בינדט זיך צו צום אַקערס דרילן
מיט תמ׳ס און רשי׳ס צוויי פּאָר תפילין —
עס האָט דעם צייכן פון די סופן
דער עלטערזיידע שוין געטראָפן.

מיין טאַטע וואַרט ניט, אַז דער רעגן
זאָל דורשט פון ערד אַליין באַזאָרגן —
ער גייט דער ערשטער אים אַנטקעגן
אין קאַלטער מקוה פון פרימאָרגן.

מיט שפּעטע חצותן פון ביינאַכטן
העלפט דער זוהר אים צו טראַכטן,
אויב דער שניט אויף הויכן וואָגן —
וועט דעם ווייסן טאָג דעריאָגן.

# ד ר ך

כ׳וועל מיין טאַטן ניט פאַרשעמען:
ס׳וועט דער שכל פון זיין אומעט
תמיד זיין אויף מיינע ברעמען.

כ׳וועל זיין פרומען חיי־אָדם
שטיל פאַרוועבן אין מיין טועכץ —
ווי אַ פאָדעם מיט אַ פאָדעם.

ס׳וועט זיין נוסח מיינער ווערן:
מיט דעם סידור יעקב עמדינס,
מיט די קנייטשן פון זיין שטערן.

כ׳וועל זיין דרך אויסדערציילן
אין די גאַסן, אויף יאַרידים —
און אין קלויזישע פיר־איילן.

כ׳וועל דאָס טאָן מיט שטומע פריידן,
אָט ווי ער אין צער פון שווייגן, —
האָט מיר אויסדערציילט דעם זיידן.

## פּאַסטעך

אַלע שטילע, גוטע טויבן,
אַלע שאָף אין ווייסן וואָל,
וואַרטן רואיק און מיט גלויבן —
אויף דעם פּאַסטעך פון פּאָדאָל.

איינע זאָגט, אַז זיך אַנטפּלעקן
וועט דער פּאַסטעך מיט אַמאָל:
ווי דער מאַנדל אויפן שטעקן,
ווי דער שטורעמווינט אין טאָל.

זאָגט אַ טויב אַזוי צו זאָגן:
ס'וועט דער פּאַסטעך קודם כל
שלעפּן ליים מיט פערד און וואָגן —
פאַר די שטעטלעך פון פּאָדאָל.

מיינט אַ דריטע: צווישן מילן,
אין די קאַרבן פון אַ שטיין,
וועט מען טרעפן צוויי פּאָר תפילין —
אָנגעגרייט פאַר אים אַליין.

און אַ פערטע וויל ניט ברומען,
שווייגט זי טיף און אָן אַ סוף,
ווייל זי ווייסט, אַז נאָכן קומען —
וועט ער ווידער פּאַשען שאָף.

# אַזש פון בראַסלעוו

אויף פאָראויס און אויף צוריק
ציטביים גלאָק אַ גראָבער שטריק
אַ פאַרהאַרטעוועטן צאָן —
גלין, גלאָן, גלין, גלאָן.

שיטן גלעקער שרויטן אויס,
יעדער שרויט — אַ גלאָק די גרויס,
איבער סקירדעס, איבער מאָן —
אומעטום און אומעטאָן.

שטייט אין פעלד אַ גוטער גוי,
שטייט און קאָסעט הייסן שטרוי,
פון זיין פנים פאַלט אַראָפּ —
נאָך אַ טראָפּן, נאָך אַ טראָפּ.

גייט אַ ייד מיט זאַק און פּאַק,
טראָגט אַ באָרד אויף דאַרער באַק,
און אין פּאַכווע — דעם מהרן —
אַזש פון בראַסלעוו קומט ער אָן.

טוט דער גוי צום ייד אַ זאָג:
— אָט ניטאָ שוין באַלד דער טאָג,
טשי ניע טשויעש פּיזדני זוואָן [1] ?
די מאָליטווע [2] רוקט זיך אָן!

מאַכט דער ייד: — נעכאַי זוואָניט [3] !
אַז מען גייט מיט שטילע טריט
פון באר־שבע ביז צו דן —
הייבט דער טאָג זיך ערשט גאָר אָן.

טוט דער גוי זיך שטום אַ קראַץ,
נעמט דעם יידן אָן ביים לאַץ:
— הער מיך אויס, זשידאָטשיק דן, —
ס'איז סכנה אַ זאַקאָן.

1) הערסטו ניט דאָס שפּעטע קלינגען ?
2) געבעט.
3) זאָל עס קלינגען.

— אָט דער וואַלד און יענער שליאַך:
ביז מען גרייכט אַ שטיקל דאַך,
רוקט די בייזע נאַכט זיך אָן —
וואָס זאָל איך מיט דיר דאָ טאָן?

קוקט זיך אום דער גוטער גוי:
שאָטנס ליגן שוין אין שטרוי,
און אַ שטערן לאָזט אַ טרער —
נאָר דער ייד ניטאָ שוין מער.

טיף אין אָוונט און אין פעלד
גייט דער בראַסלאַווער און קוועלט,
גייט און טאַנצט און באָמקעט צו:
איי־דו־דידל! דידל־דו — — —

# שלמה חסיד

חנה ספעקטאָר — פון טיפן האַרץ.

שלמה חסיד מיינט,
אַז אַ שטיין אַפילו וויינט,
ווען דער לייטער צווישן ערד און צווישן הימל —
וואַלגערט זיך אין שימל.

און מאי־קאָ־משמע־לן דער לייטער,
וואו שטייט ער ?
ס'איז דער מענטש, וואָס וואָלט געקאָנט דערלאַנגען
סיי צו מלכות, סיי צום שפּראָץ פון זאַנגען,
ווען דאָס האַרץ זאָל זיין ביי אים אין מוח —
סאַראַ כוח ! סאַראַ כוח !

וואָרום יענע מעשה מיט דעם בראַסלאַווער און שפּאָלער זיידע,
וואָס אַרומגעקריגט זיךביידע, —
איז די ווירע
צו דער דאָזיקער חקירה :
שלמה חסיד וויל דערווייזן,
אַז רב נחמנס האַלטן זיך ווי אייזן,
ביים פאַרגלייכן הימל צו געלייטערטער מחשבה,
ווייל די ערד איז רק פאַלאָווע —
שמעקט מיט שטות :

— טאָ, לאָמיר זאָגן — וואָס איז זנות ?
און ווי דער דין, אַז וואַנקע פויער
ליגט אַ שכורער ביים סאַדאַגורער רבינס טויער ?

און עס איז דעם שפּאָלערס שיטה אויך ניט בעסער :
עפּעס צופיל גשמיות אין פּעסער ! —
ס׳קאָן אַ ציבעלע ניט האָבן קיין צוקאָפּנס
אָן דער זון מיט אירע טראָפּנס.

איז וואָס זאָל זיין דערפון ? —
ער מיינט, אַז צווישן פעלד און זון
זאָל שטיין דער מענטש, דער שטענדיקער, אין מיטן —
און פלאַנצן הימל אין דער ערד, וואָס איז צעשניטן.
דער פּשט פון דעם :
אַ הימל טיף אין האַרץ און אויף דער ברעם,
אַ מענטש, אַ ברויט, אַן אוגערקע, אַ רעגן, —
אַ שטיק דערגיין משיח׳ן אַנטקעגן.

# שלמה חסיד און די דוינע

אָסקאַר גאָרין — דעם זייער נאָענטן.

שבת,
גייענדיק פון רבינס טיש,
אַוואו דער אַלטער שמואל אַבאַס
האָט נאָך די פיש
פאַרטייטשט דעם ענין פון אַ דוינע, —

זיינען שלמה חסיד און רב יונה
שטיין געבליבן ביי דער גרעבליע פון דער מיל,
און אַלץ געצויגן נאָך די דוינע אין דער שטיל:
אוי־די־דוי! אוי־די־דוי!

דרייט זיך שלמה חסיד אויס, און זאָגט אַזוי:
— פאַרשטייסטו, יונה, וואָס אַ פּאַסטעך קאָן?
ער נעמט דעם בורא עולם אָן,
און טענהט איין מיט אים, ווי מיט אַ פאָטער:

— הער מיך אויס — און פטור!
קיין עברי קאָן איך ניט. איך בין אַ פּראָסטע זאַך,
טאָ נעם איך מיר אַ פייפל און איך מאַך:
טרי־לי־לי! טרי־לי־לי!

שלמה חסיד טוט דערביי פֿאַמעלעכל אַ צי:
ווי פּלעגט דער אַפּטער, זכותו יגן,
זאָגן?
— בראשית־מענטש. די בחינה פֿון אַ פֿידל.
אַיעדער איינער שטייט מיט ביידע פֿיס אין פּיוט:
ביי דער נאָדל — אונדזער בערל חייט,
און אַלעקסי — ביי דער קאָסע מיטן רידל.

— פֿאַרשטייסטו, יונה, וואָס עס מיינט?
אויב איינער וויינט,
ער בעט אַ רייפֿטל ברויט, אַ פּשוטן געלעגער,
און חנא, דער פֿאַרהאָרעוועטער טרעגער,
טרעט אים אָפּ זיין וועטשערע מיט האַרטער באַנק —
אָט דאָס אַליין איז שוין געזאַנג!

— בפרט, אַז וואַנקע פּאַסטעך וואַלגערט זיך אין פעלד
אָן אַ ברעקל עברי, אָן אַ טייטש אין סידור,
און זוכט דעם פּשט פון וועלט
אין מרה־שחורה'דיקע לידער —
זעסטו שוין, פון דעם
צעשמייכלט זיך ביי גאָט
דער קוואַל פון רחמים אויף דער ברעם.

והאַ־ראיה — דער בעל־שם:
אַליין געפּאַשעט שאָף, און ערד געגראָבן, ווי אַ גוי,
געפּייפלט פון אַן אויסגעהוילטער קאָרע,
ווייל אָדם־מענטש איז וואַזשנער פון אַ בלאַט גמרא,
און דעם ניגון זיינעם זינגט ער זיך אַזוי:
אוי־די־דוי . . . די־דוי.

# ווי אַ בוים

איך וועל זיך טאָן אַ שטעל אַוועק און שטיין,
און זיין אַ בוים מיט בוימערישן ווערט,
און זאָל דאָס לעבן מיין געבעט דערגיין —
אַ פשוטן, אַן אייגן שטיקל ערד.

איך וועל ביי ביימער אַנדערע דערגיין,
ווי שטיל מען דאַרף מקבל זיין דעם יאָך,
אַ לעבן־לאַנג הכנעה'דיק צו שטיין —
און בלייבן זאָל דער בוימערישער תוך.

# שטייט אַ בוים

שטייט אַ בוים אין פעלד אַליינינטשקער אַליין,
מאַך איך: וואָס וועט זיין פון תמיד שטיין?
לאָמיר טאָן אַ שפּאַן, און לייגן קלאַפּטער —
איך אַ מענטש, און דו — אַ בוים אַ זאַפּטער,
וועט מען קומען ערגעץ — מהיכי תיתי,
אלא ניט, איז ווידער ערד אַ הייסע,
וועט מען צוואָגן זיך ביי וואַסערן פון טייכן —
דו אַ בוים, און איך צו דיר אַ גלייכן.

שטייט אַ בוים אין פעלד אַלייניטשקער אַליין,
דאָ געשטאַנען — וויל ער בעסער שטיין,
זאָג איך: גוט אַזוי, וואָס דיך באַגעגנט:
ניט קיין טראָפּן טוי, און ניט סע רעגנט;
ווערט מען פשוט מיד פון שפּאַנען רק אין היצן,
כ'וועל זיך זעצן אָט אָ דאָ, און זיצן, —
דו — אַ בוים אַן אַלטער מיר צו חלום,
איך — אַ מענטש מיט אַלעמען אין שלום.

## ווי אַ סוד

צווישן טאָג און נאַכט, ווען פעלדער שלאָפן איין,
און שטערן שווייגן אויס דאָס תמידיקע זיין, —
צעעפנט זיך די טיר פון עלטערזיידנס הויז,
אַ שטילע, ווי אַ טויב, און חומשדיק די גרויס,
סע קומט אַריין אַ מענטש און נייגט זיך, ווי אַ גראָז,
פאַר איטלעך געלן בלאַט מיט אויסגעקריצטן אות,
וואָס הערט די טריט פון וועלט, און ווייסט דעם טיפן סוד —
פון לעבן און פון גאָט.

ווען נאַכט שוין דאָ אויף ערד, און דאַך איז זאַט מיט שלאָף,
ווען פֿאַסטעך פֿאַלט אַוועק אויף הייסן וואָל פֿון שאָף, —
צעעפֿנט זיך די טיר פֿון עלטערזיידנס הויז,
און ס׳קומט פֿון חומש־וועלט אַ שטילער מענטש אַרויס.
ער גייט מיט הוילע פֿיס דורך ביימער און דורך פֿעלד
באַגעגענען דעם שכר פֿון אויסגעלייזטער וועלט,
און ס׳איז שוין דאָ די פֿרייד פֿון זונען אין זיין טראָט —
אַ טיפֿע, ווי אַ סוד.

# אין טאָל האָט גערופן דער האָרן

מיט היוראָן־טייך אַרויפצו, ביז סו־סיינט־מאַרי,
נעאָמיקאָנג — און העכער,
און ווייטער — צו די טיפע וואַסערן
פון „שאָפנקאָפּ״[1] — דעם גרינעם פּעכער,
פינטלען פיר מאָל טויזנט טייכן,
און סע ציען זיך די בערג און ווייטע טאָלן.

1) לייק שיפּסהעד ביים הויכן שפּיץ פון צפון־מישיגען, זייער גרין, און ליגט ווי אַ פּעכער.

גאָט אַליין האָט זיי געפורעמט פון גראַניטן,
אויסגעקנאָטן און געמאָלן,
מיט בעריאָזעס אויסגעפוצט די זוימען,
צווישן סאָסנעס זיי געלאָזן דרימלען —
און צעעפנט איבער זיי
די ברינעמער פון זיבן סודות׳דיקע הימלען.
ס׳איז די אייביקייט — אַ טיפער חלום
אַ פאַרוואַקסענער מיט גראָזן,
דאָ געשטאַנען אין די וועלדער —
זיי באַשירעמט, און אין שאָטנס זיי געלאָזן.

און איידער ס׳איז נאָך האַיאַוואַטאַ
אין דעם מאָסקידיי [1] אַרומגעגאַנגען,

1) דאָס פעלד פון פראַצע, וואו האַיאַוואַטאַ האָט געזוכט די גאולה זיינע.

האָבן טייכן אין די זאַמדיקע תהום'ען
איינגעזויגן אַלע קלאַנגען
פון די פיר צעברומטע ווינטן
מיט דעם גיטשי־גומי'ס [2] אָטעם
אין די גריוועס:
דעם וואַבון [3], דעם באַבינאַקאַ [4],
דעם שאַוואַנדעס [5] —
און דעם גוטן מידזשיקיוויס [6].

2) אינדיאַנישער נאָמען פאַר לייק סופּיריאָר, **דעם קוואַל פון ווינטן.**

3) מזרח־ווינט.

4) צפון־ווינט. הייסט אויך: קאַבאַבינאַקאַ.

5) דרום־ווינט.

6) מערב־ווינט: האַיאַוואַטאַס טאַטע.

# איך וועל אַצינד דערציילן

איך וועל אַצינד דערציילן,
שטילערהייט דערציילן
דעם גרויסן נס פון וועלדער אויף די בערג,
און אין די טאָלן,
פון טייכן טיפע —
ווי די נעכט אין אינטערלאַקן [1].

1) וואַלד־געגנט אין צפון־מישיגען.

פון וואַסער־פאַלן, ווי זיי רינען
פון די שווייגנדיקע פעלדזן;
פון שמאָלע, מײלנלאַנגע פלוסן
צווישן אייביק־גרינע סאָסנעס.
כ'וועל דערציילן, ווי זיי הייסן,
ווי סע רופן זיי די ברוינע אינדיאַנער —
מישעגאַמו, עסקאַנאַבאַ, מיסקאַלאָנגע, טאָקוואַמענאָן.

איך וועל אין ווערטער פשוט'ע
אַצינד דערציילן
דעם סוד פון פינצטערניש
אין קיינמאָל ניט געהאַקטע וועלדער,
דעם שטילן טראָט פון הירשן —
צו די קאַלטע קוואַלן;
די שוואַרצע נאָרעס
פון דעם פעטן בער מיט פלאַכע פיאַטעס,
די נאַסע נעסטן
אין דער קאָרע פון די קלאַפּער־שלאַנגען,

די ביבער־היימען צווישן שווימענדיקע קלעצער —
איַן די מאָכן,
און די אומעטיקע עכאָס
פון דעם שוואַן דעם רויטן [1],
וואָס געשוואומען איז מיט דורות צוריק —
ביים פו־פוק־קיוויס [2].

און בעיקר וועל איך איצט
מיט שטילע רייד דערציילן —
דעם גרעסטן נס פון אַלע נסים:
פון דעם פראָסטן מענטשן,
וואָס געקומען איז אין וואַלד אַריין —
אין שאָטנס און אין בלעטער

1) לעגענדאַרער פויגל, וואָס איז אַוועק צו דער זון מיט אַ פייל אין האַלדז, געוואוינט אין די דיונען.

2) יאַנאָדיזעס צווייטער נאָמען. די זאַמד־דיונען הייסן נאָך אים.

אויסצובעטן זיך דאָס בעט
פון אייביקייט און חלום,
ווייל געבליבן איז דער מענטש —
דער לעצטער פון זיין שבט,
און דער וועג צו גאָט פון זיינע אָבות
איז געווען פאַרהוילן,
ווי פאַרהוילן סאיז געווען —
דער מאַנדאַמען[1] פון האַיאַוואַטאַ'ן.

1) דער הויכער קאָרן אין פעלד. די טייטש: מענטשנפריינט.

# דאָס געזאַנג פֿון וואַלד
# און מענטש

קומט צוגיין אַ מידער מענטש פון מערב און פון דרום,
קומען בויגעוודיקע נאָדלביימער אים אַנטקעגן,
נייגט זיך שטילערהייט פאַר זיי דער מענטש און וויל זיי פרעגן,
צי זיי קומען ניט אַהער פון אַלטע, אַלטע ספרים,

אַט ווי ער, דער אומעטיקער מענטש, איז ערשט געקומען
פון באר שבע און פון וואָרמס און פון ווייטן תימן,
פון זיין נע־ונד־זיין צווישן גלות׳דיקע היימען? —
הייבן אָן די נאָדלביימער בייגן זיך און ברומען,

פלעכטן איין די לינדע ווינטן אין די הויכע קרוינען
(מיט דער נאָדלנעץ די גריווועס זייערע צו שמידן),
און אויף צווייגן־לשון צו דעם אומעטיקן יידן:
— ביימער גייען ניט. זיי שטאַרבן דאָרטן, וואו זיי וואוינען.

ס׳האָט די זאַפטיקע, די גוטע ערד אונדז דאָ געזויגן,
היגע זון, דאָס פייערדיקע אויג, איז אונדזער טאַטע.
ווען געווען דאָ איז אַמאָל ווענאָנעס [1] האַיאַוואַטאַ,
אַט דער איינציקער, וואָס האָט פאַרוואָרפן פייל און בויגן, —

1) האַיאַוואַטאַס מוטער.

זיינען מיר געווען שוין הויכע, קנאָכענדיקע שטאַמען,
זיך געוועט מיט ווינט און רעגן, ווי סע וועטן ריזן,
און דעם אויסדערוויילטן האַיאַוואַטאַן דאָ געוויזן,
ווי צו נידערן אַראָפּצו צו די בלויע ימען.

מיר געדענקען נאָך, ווי נעכטן, מינעהאַהאַס [1] היילן,
און דעם אַלטן פּיילנשניצער, איר פֿאַרטראַכטן זיידן,
ווען דער שוטה יאַנאָדיזע [2] האָט געטאַנצט פֿאַר ביידן,
און די סודות פֿון קונטאַסו [3] זיי געוואָלט דערציילן.

אונדזער האַלץ איז בויגיק-ווייך, אין שטורמבראָך געצוואָגן,
ס'האָט נאָקאָמוסעס דער „פֿלינקער הירש", איר ברוינער ברודער,
אים גענוצט אויף אויסצושניצן זיין באַרימטן רודער —
און דערפֿאַר אַרום דעם וואַלד אַ גרויסן שם געקראָגן.

1) האַיאַוואַטאַס באַשערטע.
2) דער נאַרישער טענצער, וועמען אַלע מיידלעך האָבן ליב געהאַט.
3) יאַנאָדיזעס וואונדער־טאַנץ אויף האַיאַוואַטאַס חתונה.

אַט דער מיסאאוקע־טײַך, אַ טשיפּאַוואַ׳ער נאָמען,
די „בעריאָזע״, און די „הירשן״, און דער „גרויסער האָרן״[4],
זײ געדענקען נאָך אין טיפן אָפּגרונט פון זכרון —
דעם מלחמה־רוף און יאַגד־געשרײ פון טשיף טוקאָמע.

ס׳האָבן דורות דאָ געלעבט מיט אונדז אין גוטן חסד:
ווער אויף יאַגד אַוועק אויף שוואַרצן בער און קאַלטער נאָרע,
ווער עס האָט זײַן טאָטעם אויסגעקריצט אויף אונדזער קאָרע,
און פון פעלדזן־שטײן אַ לויב־געזאַנג צו גאָט געטעסעט.



זאָגן ברומענדיק די הויכע סאָסנעס:
— ס׳איז דײַן וואַנדערוועג אין ספרים אײַנגעשלאָפן,
פול מיט מרה־שחורה און פאַרגעסן —
שטעל זיך ליבערשט אָפּ און בלײַב מיט אונדז אין צפון.

4) בעריאָזע — בוירטש לייק; הירשן — אַ טיפער לייק ניט ווייט פון די זאַמד־דיונען; גרויסער האָרן — וואו די צוויי גרויסע טייכן היוראַן און מישיגען גיסן זיך צונויף.

ווילסטו — נעם געהילץ פֿאַר שיף און רודער,
שפּרייט די נעצן אויס, און פֿאַנג דיין עסן ;
סהאָבן נאָך די וועלדער און די טייכן —
דאָס געזעץ פֿון גוטן ווילן ניט פֿאַרגעסן.

קאָנסט דאָ בלייבן אויף דער ערד דער פֿעטער,
זי מיט קלאָץ, מיט אונדזער לייב, באַדאַכן,
און צום קאָרנפֿעלד דורך אַלטע וועלדער —
מיט דער האַק אין האַנט צעהאַקן נייע שליאַכן.

# דאָס געזאַנג פֿון ווײַנענדיקן מענטש

ווערלדער, טײַכן און מרחקים,
פֿון סו־סיינט־מאַרי אַראָפּצו
ביז צום סטעפּ פֿון אינטערלאַקן, —
זיך צעברומט מיט וואַסערן,

מיט בויגעוודיקע סאָסנעס און מיט ערד.
שטייט דער מענטש פון חומש־לאַנד,
און הערט:
— ס'וועט דער זאָמען דיינער
מערן זיך און מערן,
ווי דער זאַמד און ווי די שטערן.

טיף אין מדבר שפּאַנען שבטים —
יעדער שבט ערשט געוואָרן,
אין בית־לחם שניידט מען איצט דעם קאָרן.
שיר־השירים.
תהילים.
די צעטיילונג פון די שבטים, —
גאָטס צעגליטער אָטעם!
עמוס:
— ס'וועלן דיך צעפרעסן דיינע זינד,
ווי בלוטיקע מלחמות!

בבל.
אשור.
רוים.
די טראַקטן ציען זיך דורך פרעמדע לענדער,
בלוט מיט טרערן אויפן שטענדער.
שרפות מיט יסורים אין די געטאָס,
אויף עקידהס —

אין די קלויזן זיצן גרויע זיידעס
איבער ספרים־שטויב אין ד׳ אמות.
— מרה־שחורה
אויף די פּנימער פון מאַמעס.

גרויסע לומדים חשבונען דעם כמות:
רש״י ווייסט דעם „קץ״ און וויל ניט זאָגן —
ניט מגלה־זיין אים
מגוגן מיט גוגן.

ס'וועט די ליכטיקייט פון גרויסן טאָגן
אַזש פון צפת אַ בלענדע טאָן צום גלות —
אויסצולעשן זיך,
ווי ס'לעשן זיך הבדלות.

נאָכדעם ת"ח און ת"ט מיט הימלס קללות:
ווילדער סיטש[1] אויף הפקרדיקע שליאַכן —
ס'וועט די צייט
דעם פנקס שפּעטער־צו פאַרמאַכן.

ס'וועט פון תהום־אַרויס פון אַלע ת"חן,
ווי אַ נס אַ שטילער,
זיך אַנטפּלעקן —
אַ פאַרהאָרעוועטער פּאַסטעך מיט אַ שטעקן.

ער וועט ריידן שטילערהייט,
און וועקן אייגן דור,
די דורות אין די וויגן, —
צוצוהערן זיך צום מעדזשיבוזשער ניגון.

1) דאָס קאָזאַקישע „פרייילאַנד".



דאָס קאָרנפעלד אין אינטערלאַקן
וויגט זיך מיט צעוויגטן ווינט.
וויגט זיך אום מיט בראָך —
דער צלם־אלוקים :
ווי צום מענטש,
וואָס זוכט זיין אייגנרו אַצינד,
און ווי דער וועלט,
וואָס האָט קיין אָפּרו ניט פאַר אים.

איך בין געווען מיין אייגן ערד,
מיין אייגענער צעוויגטער וואַלד :
געוואָלט צעוויגן זיך
אין אָטעם פון דער וועלט —
דער ניגון מיינער
ווי דער הימל אַזוי אַלט,
זאָל ליגן, ווי דער טוי —
אויף יעדערנס געצעלט.

אַליין געווען מיין אייגן ברויט,
דאָס שווער־פאַרהאָרעוועטע ברויט,
געוואָלט צעוואַקסן זיך
אויף חומשדיקער ערד —
סע זאָלן קינדער
ניט דערציילן זיך פון נויט,
סע זאָלן דורות —
האָבן זיך אַליין גענערט.

געוועזן דער נביא עמוס,
דער ליאַדיער און דער שפּאָלער „דיד"[1],
דער גוטער רחמימדיקער ניגון —
פון בעל־שם:
געוואָלט אין טעפּיכער
פאַרוועבן גוי און ייד,
די פרייד פון שטילן מענטשן —
טראָגן אויף דער ברעם.



וויגט זיך מיט צעוויגטן ווינט דער צלם־אלוקים,
וויגן זיך מיט אים —
די יאָמערן פון טויטן דור:
יעדער בוים אין וואַלד —
אַ גרויע האָר,
יעדער טייך —
אַ לאָגל מיט געוויין,
און ער אַליין,
דער פרעמדער, ווייַנענדיקער ייד, —
ווער וועט טרייסטן זיינע אומעטיקע טריט?

1) דער שפּאָלער זיידע, פּשוט'ע יידן האָבן אים גערופן „דיד".

# דער נס אינעם קאָרנפעלד

דער נס איז געשען
אינעם גינגאָלד פון קאָרן :
די שטאַנגען — צעלאַכט זיך,
און פרייד איז געוואָרן.

די זון האָט מיט גאָלדענעם פוך
זיי באַשאָטן,
די ערד האָט אין ליים און אין זאַפט
זיי געקנאָטן;
דער ווינט האָט מיט קלאָטשענע האָר
זיי באַצויגן,
געקיצלט די קנעכל,
געשטופּט און געבויגן,
געבראַכט זיי —
דעם ניגון פון וואַלד און פון טאָלן,
אַ גרוס פון דעם טייך —
אין די זאַמדיקע שאָלן.
האָט קאָרענע שטרעקע געפרייט זיך,
געוואַקסן,
געוויקלט דעם יאָדער
אין זון און אין פלאַקסן,
געוויגט זיך,
געחלומט אַ חלום אָן ווערטער.

אין יענעם בייטאָג
איז אַ שטאַנג אַ פאַרקלערטער
אַוועק פון דעם פעלד
צו די שטויביקע וועגן —
דעם נס פון דער וועלט
און דעם מענטשן אַנטקעגן.



באַגריסט אים דער זאַנג האָט אַזוי און אַזוי :
איך בין מאַנדאַמען, דעם מענטשנס אַ פריינט,
מען רופט מיך „דער קאָרן״, איך הייס „פאַפּעשוי״,
דאָס ברויט אין דעם חומש, די זאַטקייט פון היינט.

פאַרפלאַנץ מיינע יאָדערן דאָ און אַצינד,
פאַרפלאַנץ מיך אין דוד בן ישי׳ס אַ טאָל —
די זון איז די זעלבע, דער זעלבער דער ווינט,
דער קאָרן פון היינט איז דער קאָרן אַמאָל.

דו מיינסט, אַז דעם באַרג איז דאָרט ניחא צו שטיין ?
ער שטייט ווייל ער מוז, ווייל אין שטיין איז זיין תוך —
אַ שותף צום ווינט אויפן אָפענעם פליין,
אַ שכן צום ביבער אין טייכישן מאָך.

דו ריר מיך נאָר אָן מיט דער דלאָניע פון האַנט,
איך בין מאַנדאַמען, און אַ שטרויענער גוף,
און דאָך איז פאַראַן אין מיין שוואַכן געוואַנט —
דער רצון פון גאָט, און זיין שטענדיקער רוף.

ער וויל איך זאָל שטיין אויף מיין ערדישן בייט
און שפייזן דעם גבור, וואָס האַקט דאָ דעם בוים —
אַליין אַ פאַרבענקטער נאָך טראָפּנס פון פרייד,
אַ ברודער צו שטאַנגען, וואָס וויגן זיך קוים.

איז אָסור, אויב ס'אַרט מיר די טיפקייט פון סוד,
איך בין אַזאַ חשוב ווי באַרג און ווי ים.
דער עיקר — דאָס דרייען בשותפות די ראָד —
און באַקן דעם יאָדער אין זוניקן פלאַם.

אַמאָל ווערט דעם ווינט דאָ דערעסן זיין גאַנג,
באַפאַלט ער דעם בוים מיט דער הילצערנער הויט,
דערגייט מיר דאָס לעבן צום קנאָך פון דעם שטאַנג —
און יאָמערט און יאָמערט דעם יאָמער פון טויט.

אַ טאָג אָדער צוויי, און דער ווינט וועט דערנאָך
(ווי וואַלד, ווי די טייכן, ווי איך און ווי דו),
דערזען, אַז אַיעדערנס גאַנג איז אַ יאָך —
דערזען זיינע כוחות אין שטילקייט פון רו.

מיר וועבן דאָ אַלע דאָס וועבן פון זיין,
מיר וועבן אַריין אין דעם שפּינראָד פון גאָט —
דעם דורשט נאָך אַ טראָפּן פון גאָלדענעם שיין,
די שרעק פאַר דעם יאָמער אין ערדישן טראָפּ.

ס'איז גורל — דער פינגער פון אייביקן מיין:
אַז קיינמאָל זאָל ס'לעבן ניט ווערן פאַרוויסט —
דער קוואַל זאָל אַרויס פון פאַרגליווערטן שטיין,
די סאָסנע זאָל אויפגיין פון מאָכיקן מיסט.

# דער זקן פון דאָרף

איז געשטאַנען דער מענטש און געהערט,
ווי סע וועבן
דער הימל, די פלאַנצן,
דער אייביקער דומם —
דעם סוד פון געשאָנקענעם לעבן.
געשטאַנען דערשראָקן,
נשתומם,

און טיף אין די חושים
דערפילט די הבטחה צום ערשטן בן־אדם:
— וועסט לעבן,
וועסט פראַצעווען שווער מיט דער סאָכע:
דורך שטענדיקע דורות —
אַ פאָדעם
געשטריקט פון יסורים,
געווייקט אין בטחון —
וועסט לעבן אין פרייד
און אין יאָכן.

דער מענטש האָט געווינט
דאָס געוויין פון זיכרון,
געוויגט זיך בציבור,
געדאַוונט —
מיט טייך, מיטן באַרג,
מיט דעם גאָלדענעם קאָרן —

אַ וועלט, וואָס באַהאַוונט
אין ערד און אין שטערן —
אין סוד פון געוועזן
און פון זיין
און פון ווערן.
דער מענטש האָט געוויינט,
ווייל דערזען,
ווי די זוניקע שטראַלן
צעשמעלצן אין גאָלדענע,
פריידיקע טרערן —
דעם אומעט פון פעלדז אויף דער ערד,
און פון אייביקן וואַקסן.
אַ שטראַל איז געפאַלן
אויף סאַמעט פון בלעטער —
דעם מענטש אויפן אַקסל.

די ערד האָט געיוירט,
און געטראָגן אין טראַכט פון איר לייב,
אַ צעפלאַמטן פון זוניקע פלאַמען, —
דאָס לעבן פון שטענדיקן טאָגן,
די ליבשאַפט צו וועלט —
פון אַ פשוטער,
פשוטער מאַמען.



דער מענטש האָט געוואָלט פאַר דער חכמה פון שטאַנג זיך פאַרנייגן,
דערזען, אַז דער שטאַנג איז געוואָרן אַ פאַרביקער בויגן
אין זויבערער טיפקייט פון פורפור־צעצונדענעם הימל;
דער וואַלד האָט געזאַמלט דיביימער צום נאַכטיקן דרימל,
גערופן דעם פויגל, די הירשן, דעם בער און דעם ביבער —
געגרייט זיך צום שלאָף האָט אַ מידער, אַ רואיקער גבור.

די זון האָט צעשמאָלצן דעם גאָלדענעם שטאַנג, און באַהאַלטן
אַ שטיק פון איר פלאַם אויפן באַרג אין די זאַמדיקע שפּאַלטן;
פון טאָל האָט גערופן די שאָף אַ פאַרשפּעטיקטער האָרן,
גערופן צו רו די בעריאָזעס, די טייכן, דעם קאָרן,
און אים, דעם פאַרטיפטן אין צער און אין יידישן תמיד —
דערמאָנט, אַז ער שטייט מיטן פּנים צום אייביקן עמוד.

דער מענטש איז געשטאַנען פאַרגאַפט און געדאַווענט דערשראָקן,
דערהערט, ווי סע רעדן די ליפּן פון איינעם אַ זקן,
דער שכן פון נאַכטיקן וואַלד, און פון פעלד מיטן קאָרן, —
פון טרוקענעם שטאַנג איז אַ דאָרפישער זקן געוואָרן;
גערעדט האָט דער אַלטער פון פּראַצע, פון נויט און פון פריידן —
ירושה פון טאַטן, דעם טאַטנס ירושה פון זיידן.

— די ערד, האָט דער אַלטער געזאָגט, איז די ברוסט פון אַ מאַמען:
גענוג אין איר האָניק פאַר אַלע בני־אָדם צוזאַמען,
מען דאַרף נאָר פאַרשטיין, ווי זי פילט, דעם געמיט אירן וויסן —
די ערד וועט אַליין שוין דערלאַנגען דעם האָניק דעם זיסן,
זי ווייסט ניט פון מענטשן צו אַנדערע מענטשן קיין חילוק —
אַבי ניט פאַרשעמען איר גוטסקייט, אַבי ניט פאַרטיליק.

אַזוי האָט דער זקן געזאָגט צו דעם יידן פון דרום,
גערעדט מיטן לשון פון בראשית, פון שמות און פון דברים,
גערעדט, ווי די אָבות — די שטילסטע, פאַרחלומטע טויבן;
דער ייד האָט געהערט און פאַרנומען דעם פריידיקן גלויבן,
דעם חסד פון ערד, פון דעם וואַלד, און פון גאָלדענעם קאָרן —
אין נאַכטיקן סטעפּ האָט שוין מער ניט גערופן דער האָרן.

# דורות

דורות אין שטויביקן פֿאַרמעט, צעביסן פֿון וואָרם.
ספֿרים —
דער שטענדער פֿון זקנים אין חסד פֿון דרימל —
דער נס פֿון דעם הימל.

ס׳וועט תמיד אַ זקן, געוויקלט אין טלית מיט תּפֿילין,
אין רו און אין שטילן —
צעגראָבן די חכמה פֿון אייביקן, טיפֿן זכרון —
תּנכישע יאָרן.

דער תּהום פֿון די אותיות איז הייליק, וועט הייליק פֿאַרבלייבן.
אַ סופֿר וועט שרייבן:
געווען, סע וועט זיין, און ס׳וועט תּמיד זיך ציען דער פֿאָדעם —
פֿון נסים און חסדים.

# שדי

פון ווערטער אַ וואָרט, ווי די לוחות די גרויס,
וועט אָפּשטיין אַ לעבן אויף טירן פון הויז
און היטן דעם שבת, און היטן די וואָך —
בטחון פון פּשוטן, פּשוטן תוך.

וועט קומען אַ ייד פון די גאַסן צוגיין,
דער לעצטער פון דור און פון יידיש געווין,
און שטיין אויף דער שוועל מיט יסורים אין טראָט —
אין טיפן באַגער נאָך אַ צייכן פון גאָט.

די מזוזה, אַ ווייכע ווי ווייכער געוואַנט,
וועט קושן דעם יידנ׳ס צעצויגענע האַנט,
אים שענקען, ווי תמיד, אין רו און אין גנאָד —
דעם טיפסטן פון אַלע, דעם אייביקן סוד.

# אומעטיקע סאָסנע

בייגט זיך טיף אַ שטילע סאָסנע,
און דער מענטש מיט איר אינאיינעם:
ס'איז דער נביא דאָ אין ישוב,
ס'איז דער נביא צווישן זקנים.

איבער ספרים זיצט אַ זקן,
שניי מיט חכמה אויף די ברעמען,
וויל די אומעטיקע סאָסנע —
אים דערהערן און באַנעמען.

וועט די סאָסנע שטיל אים פרעגן :
— ס'איז די צייט שוין באַלד אַריבער,
אפשר גאָר די טרייסט דערלאַנגען —
צו די שוועלן פון די שטיבער ?

זיך פאַרנייגן וועט די סאָסנע
אַ פאַרקלערטע און אַ שטילע :
— ס'איז דער שטענדער אַלט און עלנט,
און אַ מידע איז די תפילה.

און ביים זקן, ביי דעם נביא,
וועט די סאָסנע פרעגן ווידער :
— אפשר זאָל גאָר מענטש, דער אָבל,
גיין מנחם־זיין דעם סידור ?

און די סאָסנע וועט אים זאָגן
(דעם פאַרטראַכטן, אַלטן גאון) :
זאָל שוין זיין געַנוג יסורים,
זאָל שוין זיין גענוג נסיון.

אָט אַזוי וועט סאָסנע רעדן,
און דער מענטש וועט שטיין דערשראָקן :
וואָס וועט זאָגן איר דער נביא —
וואָס וועט ענטפערן דער זקן ?

# געוויין

פאַרוואָס האָט געוויינט היינט דער וואַלד אינם ווינט ?
דער וואַלד האָט געוויינט אין דעם ברוגז׳ן ווינט,
ווייל טיף אין זיין גוף, אין זיין שטאַם, אין די מאָכן :
אין סאָסנעס פאַרחלום׳טע, הויכע און ברוינע,
האָט שלעכטער, פאַרביסענער, אייביקער שונא —
די האַק מיט רציחה פאַרשטאָכן.

פאַרוואָס האָט געוויינט היינט די שרעק אין מיין לייב ?
די שרעק האָט געוויינט און געיאָמערט אין לייב,
ווייל גרויס איז דער בראָך פון פאַרשניטענעם אָטעם,
און ערגער פון טויט איז דעם גזלנ׳ס געלעכטער
ביים שענדן דאָס קינד און די היים און די טעכטער —
פון עלנטע יידישע שבטים.

פאַרוואָס האָט דער סידור געוויינט אין דער האַנט ?
געוויינט האָט דער סידור ביי מיר אין דער האַנט,
ווייל טיף איז דער ווי פון פאַרמשפּט׳ן בעטער,
וואָס גייט צו דער שחיטה אַליין, און אַ מידער,
און ערגער, ווי אים, איז דעם עלנטן סידור —
מיט מער ניט געבלעטערטע בלעטער.

איז ווער וועט פאַרנעמען און ווער וועט דערגיין —
דעם סידור׳ס, דער סאָסנעס, דעם מענטשנס געוויין ?

## ה׳

די ערד איז דאָ מיינע, ניט מיינע,
אַזוי אויך דער וואַלד און דער פֿויערשער וואָגן —
צו וועמען דאָ האָבן אַ טענה ?
פֿאַר וועמען זיך קלאָגן ?

אָט ווילט זיך אַרויס אויף די וועגן,
און גיין איבער ברויטיק־צעאַקערטע טיילן —
ביי אַלעמען פרעגן,
מיין אומעט זיי אַלע דערציילן.

דערציילן דעם ווינט און די טייכן,
דעם באַרג און דעם וואַלד מיט די קרעפטיקע שטאַמען —
אַזוי ווי מען רעדט צו אַ גלייכן,
און ווי צו אַ מאַמען:

— איר זייט זיך דאָ אַלע משפּחה,
געבענטשט מיט געהילץ און מיט פאַנג און מיט סטויגן —
אָט דאָ האָט נאָך קיינמאָל די סאָכע
מיין בלוט ניט געזויגן.

אָט דאָ אויף דער ערד פון קאַרטאָפל,
מיט שטענדיקן ברויט אין דער מולטער פאַרקנאָטן —
האָט קיינמאָל דער מענטש מיט דעם שאָפל
מיין גוף ניט געטראָטן.

און דאָך וועט דאָס אייביקע וויינען
פון אַלע צעטראָטענע יידישע שבטים —
אַהער אין די פליינען
ניט קומען פאַרכאַפּן דעם אָטעם.

און דאָך וועט דער וואַלד מיט די קליאָנען,
דער זיכערער שליאַך, און די סטעפּישע טיילן —
מיך טרייסטן ניט קאָנען,
מיין יידישן בראָך ניט פאַרהיילן.

# דער ווינט וועט צעבלאָזן

אַזוי וועט עס זיין, און געשען וועט עס אויך:
דער ווינט וועט צעבלאָזן דעם ברודיקן רויך,
די ערד וועט פאַרדעקן מיט ליים און מיט מאָך —
דעם גוף און דאָס בלוט און דעם צער פון אַ דור;
און אַלץ וועט נאָך וואַקסן דער בוים, און זיך שיילן, —
און גאָרנישט געדענקען, און גאָרנישט דערציילן.

איז ווער וועט אַרומגיין אויף ערד, וואָס געברענט,
און זאַמלען מיט הוילע, צעשטאָכענע הענט
פון וויסטן, פאַרבלוטיקטן, אַשיקן פעלד —
דעם יאָמערגעשריי פון פאַר'משפּטן דור;
אים זאַמלען מיט פאָרכט, מיט געוויין, און מיט ציטער —
און זיין אים אַ שטילער, אַן אייביקער היטער?

ס'וועט קיינער, ס'וועט קיינער ניט טראָגן דעם עול!
דער פאַסטעך וועט פאַשען די שאָף אין דעם טאָל,
דער אַקער, דער זעלביקער אַקער, וועט גיין —
צום זוים פון דער חרב'ער שטאָט, און צוריק;
און דער, וואָס דער סטויג איז זיין איינציק פאַרמעגן —
וועט בעטן ביי גאָט אויף אַ צייטיקן רעגן.

ס'וועט בלייבן אַ מעשה — אַ מעשה דעם קינד:
מיט שרעק, מיט גזלנים, מיט פערד און מיט ווינט.
און שפּעט אין דער נאַכט, אין אַ דאָרפישן הויז —
וועט זיצן אַ מאַמע דערשראָקן ביים וויג,
עס וויגן און וויגן, און ציען אַ פאָדעם —
אַז גאָט זאָל דאָס קינד אירס באַהיטן פון פּחדים.

ס׳וועט בלייבן לזכר פון דור, און ניט מער:
דער טרוקענער פלעק פון אַ יידישער טרער
אין בלאַט פון אַ סידור אַן אַלטן אין קלויז.
און איינער, אַ זקן מיט שניי אין זיין באָרד,
וועט שטיל זיך באַמיען דעם פלעק צו דערקלערן —
צו אַנדערע זקנים, וואָס זיצן און הערן.

פון דור וואָס אַוועק און איז מער שוין ניטאָ,
וועט אויך אין אַן אומעטיק־יידישער שעה
נאָך וויינען אַ ליד, ווי דער ברום פון אַ טויב,
אַ ליד אין אַ ספר אין ווינקל פון הויז,
לזכר פון איינעם אַ דיכטער געבליבן —
געוויינט און באַקלאָגט, אין אַ ספר פאַרשריבן.

דער ספר אין ווינקל, דער ספר אַליין
וועט וויינען דעם שטענדיקן, שטילן געוויין,
און זיין וועט דאָס ליד אין דער געלקייט פון בלאַט —
דער לעצטער געשריי אין דעם חלל פון צייט,
דער לעצטער, פאַרגעסענער, יידישער יאָמער —
פון אייגנס אַ דור, וואָס געווען און ניטאָ מער.

# פון אַ כתב אַן אַלטן

ס'איז דער בריוו פֿאַרשמירט מיט פֿלעקן,
האַלבע ווערטער — אָפּגעריבן,
און אין מיט, און ביי די עקן —
זיינען סודות טיף פֿאַרשריבן.

מיט אַ ציטערדיקער פעדער
איז אַן אַלטער ייִד אַ דיין
דאָרט אויף זיך מקבל נדר —
אויפצוקלערן זיינס אַ רעיון.

און ער שרייבט בזו הלשון :
ס׳האָט אַ ייִד פון פאַרכט און תורה
אין דער קריה קדושה קאָשין —
מיר דערציילט אַ מעשה נוראָ.

— נאָך די נסים מיט די חסדים,
און די צרות, וואָס געליטן,
האָט זיך אָפּגעהאַקט דער פאָדעם —
פון אַ דור מיט שטילע יידן.

ס׳האָבן ווינטן אָנגעטראָגן
פון מדינה צו מדינה
דאָס געזאַנג פון די „פּאָראָגן״ [1] —
די קאָזאַקישע דובינע.

ס׳האָט באָגדאַן [2] דאָס בלוט פאַרגאָסן,
בלוט און ערד צעפּירט מיט סאָכע,
און געבראַכט נאָך קריוואָנאָסן [3] —
שמו לעולמי עד ימחה.

שווערד מיט חלף, רויך און פּלינדער
זיינען בייזע אומגעגאַנגען,
און פאַרשניטן קליינע קינדער —
ווי דער שניטער שנייט די זאַנגען.

1) די דניעפּער־שוועלן, זאַפּאָראָזשע.
2) באָגדאַן כמעלניצקי.
3) אַ צווייטער בלוטדורשטיקער אַטאַמאַן.

און פאַרשאָטן האָט מען זקנים
לעבעדיקערהייט אין קברים,
און מיט זייער גוף אינאיינעם —
אייביק־צניעותדיקע ספרים.

מאותו יום האָט אַלט־פּאָלאָנע
אין דעם פּנקס פון דער קהלה
איינגעשריבן אַ תּקנה —
אַ פאַרזיגלטע, אַ שטילע:

אַז אין גלות דעם פאַרהאַסטן,
צווישן שבעים וועלף און שונאים,
זאָלן כ׳ בתמוז פאַסטן —
זיבן לומדים און בטלנים.

און, היות, עס איז אַריבער
(מיט דעם רצון פון זיין נאָמען),
זאָל מען עפּענען די שטיבער —
און דעם פּאָליש מיט די קראָמען.

זאָלן קינדער גיין אין חדר,
און דער שמיד זאָל ווייטער שמידן,
ווי דער דרך און דער סדר —
זינט מען פּייניקט אונדז, ווי יידן.

ס'וועט דעם סוד פון צער און גלות
קיין בן־אָדם ניט דערגרייכן,
ווייל מיר זיינען די הבדלות —
אָנגעצונדענע אין צייכן

פון אַ וועג, וואָס פירט צום גוטן
דורך פאַרוויסטונג, און דורך זימה,
און דורך מקריב־זיין די בלוטן —
פון אַ פאָלק, אַן עולה תמימה.



טיף אין כתב איז נאָך געבליבן
אי דער צער, און אי דער רעיון,
און פון אונטן צוגעשריבן —
האָט דער אַלטער ייד דער דיין:

— כ׳האָב אין קאָשין יענעם יידן
שוין געקאָנט אַלס טיפן זקן,
אַ בן־תשעים און אַ מידן —
און פון ת״ח נאָך אָנגעשראָקן.

האָט דער זקן אין זכרון
אומגעטראָגן די תקנה,
וואָס לזכר פון דעם צאָרן —
האָט פאַרשריבן אַלט־פּאָלאָנע.

# װערבעס

כ׳װעל מײַן לעצטן ניגון
אױף די פֿרעמדע װערבעס
בײַ די פֿרעמדע טײַכן —
מער ניט לאָזן ליגן.

כ׳וועל די שיך זיי לאָזן
פון מיין לאַנגן וואָגלען —
זאָל דער בייזער שטורעם
מיינע שיך צעבלאָזן.

כ׳וועל אין טיפע שפּאַלטן
און אין מאָך פון שטיינער
מיינע הייסע טרערן —
מיט די הענט באַהאַלטן.

זאָל דער אומעט וויינען
צווישן ווילדע ווערבעס,
זאָל דער ווינט אים טראָגן —
איבער פּוסטע פּליינען.

ס׳וועט די ווערבע וויגן
מיינע טיפע וואונדן,
מיינע שטילע טרערן —
אָבער ניט מיין ניגון.

ניט דאָס וואָרט פון חסד,
אין מיין לייב פאַרקנאָטן,
וואָס עס האָבן זיידעס —
דורות־לאַנג געטעסעט.

ניט דעם פלאַם פון האָפן,
וואָס עס וועלן דורות
מאָרגן ווייטער טראָגן —
ביז צום סוף פון סופ׳ן.

ס'איז די שטים פון טויבן
אָט דער שטילער ניגון,
אָט דאָס לעצט פאַרמעגן —
פון מיין טיפן גלויבן.

וועל איך אים, דעם ניגון,
וועל איך אים דעריבער
ביי די פרעמדע ווערבעס —
מער ניט לאָזן ליגן.

## ת״ח און ת״ט

ביז אַהער די שטילע ווערטער
פון אַ קוואַל אַ יידיש־אַלטן,
ס׳האָט די צייט אין טויזנט ערטער
ת״ח מיט ת״ט בסוד באַהאַלטן.

נאָך דעם חורבן אין די לענדער
האָט דער ייִד, וואָס איז געבליבן,
אויסגעוויינט זיך ביי דעם שטענדער —
און אויף פּאַרמעטן פאַרשריבן.

מיט דעם דריטן דור פון שפּעטער
איז פון פּנקס שוין געוואָרן —
בלייכער שריפט אויף געלע בלעטער,
שטילע ווערטער פון זכרון.

ס'איז אַצינד אַ מעשה־נורא,
און דער מענטש, פאַרטיפט אין רעיון,
כאַפּט זיך אויף און ווערט געוואוירע, —
אַז עס האַלט ביי תו שין זין.

אַז דער סידור פון זיין זיידן
ליגט נאָך אַלץ פאַר אים פון אויבן —
גרייט צו שענקען אים די פריידן
פון הכנעה און פון גלויבן.

# אינהאַלט

## גם כי אלך



## אין סטעפּ



## פון בראשית־אָן

## אין טאָל האָט געררופן דער האָרן



## דורות

